# אינהאַלט

מיינע קינדער
מרדכי וואָלף און רחלען



איך זינג פֿון אַ ליכטיקן, גאָלדענעם רעגן,
פּערל צעשאָטן אויף הײמישע װעגן.
מיט קינדער, װי טויבן, און שטילן געמיט
זינג איך דאָס ליד.

איך זינג אין אַ לשון װאָס זינגט זיך אַליין,
מיט פֿרייד און געריד, מיט חן און געװיין;
צוזאַם מיט כּלי-זמרים אויף ייִדישע לירעס
זינג איך זמירות.

איך זינג, און מײַן ליד איז ניט פֿאַרן װינט,
צוזאַמען מיט מיר זינגט מיט מײַן קינד;
אַלץ האָט אַ זין און אַלץ האָט אַ טעם
מײַן ייִדישער גראַם.

איך זינג, און מײַן ליד איז אַלץ װי אַ תּפֿילה;
מען זאָל ניט דאָס לידל פֿאַרגעסן חלילה.
מיר זינגען צוזאַמען, מיר זינגען יחידיש—
ייִדיש





# פּאַסטעך־ליד

לאָמיר זינגען דאָס ליד פון פּאַסטעך צבי
וואָס האָט אין די בערג געפּאַשעט פי;

האָט דער פּאַסטעך געזען אין בלויען שלאָף
אַ וואָלף זיך פּאַשען צוזאַמען מיט שאָף;

האָט ער געמיינט אַז משיח איז דאָ
און געזונגען הללו.יאָ...

און אַזוי האָט ער זינגענדיק דאָס ליד,
די שווערד אויף אַן אַקער איבערגעשמידט.

נאָר ס׳האָבן די פעלקער זײַן ליד ניט געהערט
און די שווערד איז ווײַטער געבליבן אַ שווערד.

האָט דער פּאַסטעך צבי אין בלויען שלאָף
גענומען טרייסטן זײַנע שאָף:

— משיח, משיח איז אונטערוועג,
משיח וועט קומען אין אונדזער׳ע טעג.

---

# דאָס נײַע יאָר

דאָס נײַע יאָר איז ווי אַ קינד,
וואָס איז נאָך פריש און ריין פון זינד,
וואָס גיט אונדז האָפענונג און טרייסט,[1]
נאָר קיינער ווייסט ניט ווי עס הייסט.

דאָס נײַע יאָר איז אַ געזאַנג,
נאָר הערסט דערווײַל דעם ערשטן קלאַנג,
דערוואַרטונג,[2] אָנהייב און פאַרזוך[3] —
דאָס ערשטע בלעטל פון אַ בוך.

דאָס נײַע יאָר איז ערב — מי,[4]
אַ ווײַסע טויב אין ערשטן פלי,
אַ חלום אין אַ זיסן שלאָף —
דער אָנהייב פון אַ ווײַטן סוף.

# אַ זיס יאָר

לשנה טובה —
קינדער אַלע,
טינקט אין האָניק
איַין די חלה.
זאָל דאָס נײַע־
יאָר זײַן זיס ;
און פֿאַרן ערשטן,
ערשטן ביס
זאָגט מיט מיר
די קליינע תּפֿילה :

„יהי רצון
זאָל זײַן דער ווילן,
אַז דאָס נײַע
יאָר וואָס גייט
זאָל זײַן אַ יאָר
פֿון ליכט און פֿרייד ;
און ווי זיסער
האָניק — זיס״.

לשנה טובה,
זײַט געגריסט
מיט ברכה
פֿון זײַן ליבן נאָמען,
אָמן.

# סוכּות

פֿון מצרים — לאַנג באַפֿרײַט,
פֿאַרגעסן שוין דאָס קנעכטן ליים,
און כּנען איז נאָך ווײַט,
מדבר, מדבר — אונדזער היים.

מחנות זינגען, מחנות רוישן,
ווי די שטערן אונדזער צאָל,
פֿון די זיבעציק אין גושן
געוואָרן איז בני ישׂראל.

אַ גאַנצן טאָג, דער הימל פֿלאַמט;
די נאַכט פֿאַלט צו מיט בייזע קעלטן.
וואו מען קוקט — נאָר זאַמד און זאַמד
און וואַנדער־שבֿטים אין געצעלטן.

פֿונקען טליִען נאָך און פֿלעמלען
גייען אויס אין שטילע רו,
קניִען הויקערדיקע קעמלען,
מאַכן פֿויל די אויגן צו.

— — — — — — — — —

די קליינע סוכּות זײַנען עדות
פֿון אַ מדבּרדיקער וועלט,
אַז ס׳האָבן מײַנע מדבר־ייִדעס
די זעלבע סוכּות אויפֿגעשטעלט.

# לידער

## מײַן קלײנע סוכּה

קלײן איז די סוכּה נאָר שײן װי די װעלט
װײַל איך האָב די סוכּה אַלײן אױפֿגעשטעלט.

קלײן איז די סוכּה, ענג איז דאָס פּלאַץ
פֿאַר מיר איז די סוכּה אַ שײנער פּאַלאַץ.

קלײן איז די סוכּה מיט פּשוטע װענט
און איך האָב געבױט עס מיט אײגענע הענט.

קלײן איז די סוכּה אַזױ װי אַ נעסט
קומט אַרײַן מײַנע פֿרײַנד, זײַט מײַנע געסט!

## שׂמחת תּורה

טאַנץ אַ פֿרײלעכס, טאַנץ אַ הורא
הײַנט איז יום־טובֿ שׂמחת תּורה.

האַלט די פֿאָן און דרײ זיך מיט,
און זינג מיט ייִדן מיט דאָס ליד.

לערנען תּורה איז כּדאַי,
הײבּ דאָס לערנען אָן אױפֿסנײַ

הײבּ דאָס לערנען אָן מיט פֿרײד,
בּיסט אַ גאָלדן רינג אין קײט.

ליכט אין האַרץ און אין די אױגן
תּורה איז אַ רעגן־בױגן.



# אושפּיזין

אין יום־טובדיקער סוכות־נאַכט
זיי האָבן זיך באַוויזן.
איך האָב אַליין גערעדט מיט זיי,
די הייליקע אושפּיזין.

אברהם שטייט שוין ביי דער טיר,
ער ציילט נאָך אַלץ די שטערן.
און פרייט זיך מיט די אייניקלעך
וואָס מערן זיך און מערן.

יצחק זיצט בײַם עק פון טיש
און גלעט די באָרד די גרויע,
ער איז שוין אַלט, די אויגן — שוואַך,
און שמייכלט מיט הנאה.

יעקב האָט מתנות פיל
געבראַכט פאַר יעדן קינד :
העמדעלעך פאַרשיידענע,
פון ריינעם זײַד געשפּינט.

יוסף זיצט און קוקט פאַרטראַכט
אין שטילקייט און אין שלום,
און דערציילט אַ וואונדערלעכן
שפּאָגל־נײַעם חלום.

משה רבינו הערט מיך אויס
דאָס חומש, גאַנצע שעהן.
ער גיט אַ קניפּ אין באַק און זאָגט —
עס וואַקסט, עס וואַקסט אַ גאון.

אהרן הכהן זיצט לעבן טאַטן,
און האַלט מיך אויף זײַן שויס.
ער פילט זיך היימיש דאָ בײַ אונדז
ווי אין זײַן אייגן הויז.

דוד המלך אויפן פידל
שפּילט אַ שיינעם ניגון,
און עס טוט אין זיסן שלאָף
אַ דרימל מיך פאַרוויגן.

אין יום־טובדיקער סוכות־נאַכט
זיי האָבן זיך באַוויזן.
איך האָב אַליין גערעדט מיט זיי,
די הייליקע אושפּיזין.

# על הנסים

אַ נס איז דאָס קריגעלע בוימל, אַ נס,
וואָס איז ניט געזונקען אין תהום פון פאַרגעס.

אַ נס איז יהודה, וואָס וואַגט און געווינט,
יהודה פון דעמאָלט און אויך פון אַצינד.

אַ נס איז מײַן טאַטנס מנורה אין הויז,
דאָס ביסעלע בוימל וואָס לאָזט זיך ניט אויס.

אַ נס איז דאָס חנוכה־ליכטל וואָס כ׳צינד
און ווערט ניט פאַרלאָשן פון רעגן און ווינט.

אַ נס איז דאָס פײַער, דאָס שטילע, וואָס גליט.
אַ נס איז אַ קינד וואָס זינגט אונדזער ליד.



# אַזוי ווי אַמאָל

— חנוכּה־ליכטעלעך,
אייבּיקע פֿרייַנט,
וואו איז יהודה המכּבּי הייַנט ? —

— ער לעבּט און ער קעמפֿט
אַזוי ווי אַמאָל
אין פֿרייַען, אין זוניקן ארץ־ישׂראל.

— ליכטעלעך קליינע,
וואָס שייַנען און גליִען
לעבּט נאָך מתתיהו פֿון מודיעין ?

— ער לעבּט אין מודיעין
אַזוי ווי אַמאָל
מיט זייַנע חשמונאים אין ארץ־ישׂראל.

— ליכטעלעך, זאָגט מיר,
איך וויל וויסן זייער ;
וואָס טוען די קינדער פֿון די מכּבּייער ?

— זיי לעבּן און קעמפֿן
אַזוי ווי אַמאָל
און היטן דאָס זוניקע ארץ־ישׂראל.

— ליכטעלעך שיינע,
ליכטעלעך ליבּע,
וואו לעבּט איצט חנה פֿון די קינדער זיבּן

— זי וואוינט אין קיבּוץ,
און קינדער אָן צאָל
בּויען דאָס זוניקע ארץ־ישׂראל.

— חנוכּה־ליכטעלעך
זאָגט מיר צי קען —
אין אונדזערע צייַטן אַ נס אויך געשען ?

— ניסים געשען
אַזוי ווי אַמאָל
אין ליכטיקן, זוניקן ארץ־ישׂראל.

# זיבן זין

לאָמיר זינגען אַ חנוכּה־ליד
נון, גימל, האַ, שין
זינגט מיט מיר דאָס לידל מיט
פֿון חנהס זיבן בראַווע זין.

נס — אַ וואונדער, גדול — גרויס
היה שם — געווען איז דאָרטן
דער ערשטער זון בויט אויף אַ הויז,
דער צווייטער פֿלאַנצט אַ נײַעם גאָרטן.

דער דריטער מאַכט אַן עראָדראָם,
אַז ס'זאָל דער פֿערטער קענען פֿליען;
נס גדול היה שם —
אַזוי ווי אַמאָל אין שטאָט מודיעין.

דער פֿינפֿטער ווערט אַ קאַפּיטאַן
פֿון אַ ייִדישער שיף.
דער זעקסטער פֿירט אַ לאַנגע באַן
פֿון די בערג ביז תּל־אָבֿיבֿ.

דער זיבעטער פֿון חנהס הויז
היט די גרענעצן פֿון לאַנד;
נס — אַ וואונדער, גדול — גרויס —
לאָמיר זינגען דאָס ליד באַנאַנד.



# דריידל־טאַנץ

מוזיק: וולאַדימיר חפץ

איינס און צוויי,
איינס און צוויי,
דריי זיך דריידל
שנעלער דריי;
דריי זיך דריי,
דריי געשווינד,
דריי זיך דריי,
דריי געשווינד;
טאַנץ אַ פֿריילעכס
מיטן ווינט.

טאַנץ אַרײַן,
טאַנץ אַרויס,
פֿריילעך איז
מיט דיר אין הויז.
דריי זיך דריי,



דריי געשווינד,
דריי זיך דריי,
דריי געשווינד;
טאַנץ אַ פֿריילעכס
מיטן ווינט.

דריי זיך לאַנג —
אַ מעסלעס,
פֿאַל אויף נון
ווײַל נון איז נס;
נס איז מײַן
יידיש זײַן,
נס איז מײַן
יידיש זײַן,
טאַנץ אין
בלויען טאָג אַרײַן.







# ט״ו בשבט

אַ גרויסע פרייד האָב איך געהאַט.
איך בין אַרויס מיט ליד און טאַנץ
און אַ ביימעלע געפלאַנצט.
וואַקסט אַ ביימעלע זיך קליין
אין דעם וויסטן פעלד אַליין.
און עס ציטערט ווי אַ קינד,
באַהיט עס גאָט פון בייזן ווינט.
דאָס ביימעלע וואָס האַלט זיך קוים.
וועט נאָך אויסוואַקסן אַ בוים.
וועט עס וואַקסן הויך און שיין
און וועט מער ניט זיין אַליין;
וועט עס וואַקסן שיין, געראָטן,
אין אַ בליענדיקן גאָרטן.

## אַ שלום־בוים

קינדער האָבן הײַנט געפּלאַנצט
אַ מאַנדלבוים, אַ נײַעם
אין שלום־וואַלד,
אין שלום־וואַלד,
פֿון ירושלים.

מזל־טובֿ דיר ביימעלע,
ביסט נאָך קליין און שוואַך,
נאָר דו וועסט נאָך וואַקסן, בליען,
געבן פּרוכט אַ סך.

אַ גוט יום־טובֿ, זײַ געגריסט
מיט רויזן און מיט בלומען
אין שלום־וואַלד
אין שלום־וואַלד
אַ בוים איז צוגעקומען.

קינדער, נעמט צו ביסלעך ווײַן
און טרינקט מיט מיר לחיים
פֿאַרן נײַעם שלום־בוים
אין ירושלים.

## חמשה עשר פרוכט

ראש השנה לאילנות,
נאַט אײַך קינדער הײַנט מתנות.

פירות פון די ווײַטע סעדער,
וואו עס גרינט דער שיינער צעדער.

פירות פון דעם ווײַטן טאָל,
רײַפע פרוכטן פון ישראל.

פײַגן, טייטלען און לעמאָנען,
מאַך אַ ברכה, שהחיינו.

מאַך אַ ברכה, עס געזונט,
יעדער באָקסער וועגט אַ פונט.

ראָזשינקעס אַ פולן עמער,
ס'איז דאָך יום־טוב פון דיביימער.





## אַ צווילינג

איך מיטן בוים
זײַנען ביידע אַ צווילינג,
אין איינעם געבוירן,
אין זעלביקן פרילינג.

צוזאַמען געוואַקסן,
צוזאַמען געבליט,
דער קלייניקער בוים
מיטן קלייניקן ייד.

איך בין נאָך קליין,
האַלט זיך קוים אויף די פיס
און קוק אויפן בוים,
וואָס איז גרויס ווי אַ ריז.

דער בוים איז אין קווײַטן
אין בונטע געקליידט:
מיר וואַקסן אַ צווילינג,
מיר בליען אין פרייד.

אַזוי איז אונדזביידן
געוואָרן באַשערט —
אַן אייביקער צווילינג
אויף יידישער ערד.

# פרילינג

ס'איז דער ווינטער שוין אַוועק
אין אַ ווײַטן, ווײַטן וועג.

אין די ווײַטע בלויע וועגן
האָט דער פרילנג אים באַגעגנט.

לאַכט דער פרילינג ווי אַ קינד:
וואָס־זשע אײַלסטו זיך אַצינד?

ס'איז דער טאָג הײַנט מילד און שיין,
אַזאַ שאָד אַוועקצוגיין.

ענטפערט אים דער ווינטער קאַלט:
איך בין מיד אַזוי און אַלט.

אַלע וואַרטן אויף דײַן קומען,
ס'איז אַ צײַט פון זון און בלומען.

# פּרילינג אין ישׂראל

(ט"ו בשבט)

גרינער באַרג, גרינער טאָל
פּרילינג, פּרילינג אין ישׂראל.

קינד און קייט, פּול מיט פּרייד
האָבן פּעלדער הײַנט פּאַרזייט.

ליד און טאַנץ, ליד און טאַנץ
איך האָב אויך אַ בוים געפּלאַנצט.

וואַקסט דער בוים הויך און גלײַך
בײַ דעם בלויען ירדן טײַך.

גרינער באַרג, גרינער טאָל
וואַקסן ביימער אין ישׂראל.

# פּורים־זוינג־ליד

אײליו ליו־ליו, אײליו־ליו,
מאַך די שײנע אויגן צו,
ס׳איז אַ שאָד מיר דײַנע טרערן,
וועסט אַמאָל אַ מלכּה ווערן.

אײליו ליו־ליו, נײן, ניט וויין,
ס׳איז דײַן וויגל ענג און קלײן,
וואוינען וועט נאָך מײַן יתומה
אין פּאַלאַצן ליכטיק־גרוימע.

אײליו ליו־ליו, שלאָף שוין אײַן,
דו וועסט אונדזער שליחה זײַן;
מאַך די שײנע אויגן צו,
קלײנע מלכּה, שלאָף אין רו.

# מרדכי

מרדכי זיצט אין קעניגס טויער
אײַנגעהילט אין צער און טרויער.
ס׳גליט אין אויג אַ הײסע טרער,
און זײַן האַרץ, זײַן האַרץ איז שווער.

„ליוף, שליח, לויף געשווינד,
זאָג איר — ביסט אַ ייִדיש קינד.
גיב איר אָפּ אַ גרוס אַ צאַרטן,
זאָג איר, אַז מיר וואַרטן, וואַרטן.

מיר קוקן זיך די אויגן אויס,
די געפֿאַר איז זײער גרויס.
זײַ ניט רואיק אויפֿן טראָן,
ייִדיש לעבן שטײט אין קאָן״.

# המן און מרדכי

מן קומט אַרויס אין גאַס
רענט אין זײַנע אויגן האַס.

ר איז בייז און ער האָט פֿײַנט
י זון די ליכטיקע, וואָס שײַנט.

עם פֿרילינג וואָס באַחנט די וועלט,
אַ קינד אין גאַס וואָס לאַכט און קוועלט;

ער האָט פֿײַנט די גראָזן שטילע
ון די פֿייגעלעך אַפֿילו.

ער האָט פֿײַנט די גוטע ייִדן
וואָס באַגריסן זיך אין פֿרידן.

וואַקסט אין אים אַ בייזער טרויער,
ווען ער זעט דעם ייִד אין טויער.

מרדכין מיט די מילדע אויגן,
וואָס וויל זיך פֿאַר אים ניט בויגן.

קריצט דער רשע מיט די ציין
און ווערט בייז אויף זיך אַליין.

ורדכי

מרדכי קומט אַרויס אין גאַס
מיט אַ שמייכל — צאַרט און בלאַס.

אומעטום איז דאָ אַ פֿרײַנד
און אַ ליבע זון וואָס שײַנט.

יעדע קינד איז אַ געשאַנק
פֿאַר יעדן קינד — אַ שיינעם דאַנק.

אין זײַנע אויגן גליט אַ פֿרייד,
ווען אַ ייִד אַנטקעגן גייט.

ווען אַנטקעגן גייט אַ מענטש
זאָגט ער: שלום, זײַ געבענטשט.

— כאָטש איך ווייס ניט ווער דו ביסט
זײַ געבענטשט און זײַ געגריסט.

מרדכיס האַרץ איז אָנגעגליט
מיט צער פֿון אַ געפּרואווטן ייִד.

## מרים

ווען ס׳איז ביי דעם ים־סוף
געשען אַ נס
האָבן יידן געזונגען
אַ גאַנצן מעת־לעת.

האָט משה געזונגען
אַ ליד צו זיין נאָמען:
אַראָפּ זיינען מצרים
ווי בליי אין די תהומען.

גייט מרים אַרויס
מיט אַ פּויק אין דער מיט,
טראָגן זיך הויים
אויפן זאַמד אירע טריט.

אַזוי ווי די כוואַליעס
וואָס טאַנצן ביים ברעג
איז מרים אין שטורמישן
טאַנצן אַוועק.

שפּילן קלעזמאָרים
און זינגען דאָס ליד,
און ס׳טאַנצן די יידן
מיט מרימען מיט.

— — — — — — — — — — — —

אין ים־סוף ליגן
די מצרישע פיינט;
מיר לעבן, מיר זינגען
אַז ישיר נאָך היינט.

## יוכבד

וואָס טראַכט דאָרט, די מאַמע,
יוכבד אין גושן,
זי טראַכט פון איר קינד
פון איר יינגעלע — משה.

די מוטער, זי שווייַגט,
נאָר דאָס האַרץ אין איר שרייַט:
וואָס טוט דאָרט איר קינד
אויף דער מצרישער זייַט?

די מוטער, זי שווייַגט,
נאָר דאָס האַרץ אין איר וויינט:
דאָס קינד אין דעם פּאַלאַץ
איז פרעמד, און אַליין.

ער שפּילט זיך אַליין
אין אַ ווינקל אַ שטילן,
מיט מצרישע פּרינצן
ער וויל זיך ניט שפּילן.

דאָס יינגל אין פּאַלאַץ
— פון מצרישע האַרן —
„גאָט זאָל אים היטן
פון בייזע געפאַרן".

דאָס יינגל אין פּאַלאַץ
איז ליב אונדז און טייַער,
ער איז דאָך משה,
אונדזער באַפרייַער.

# יציאת מצרים

ווען מיר זײַנען אַרויס פון מצרים,
האָבן הימל און ערד זיך געפרייט,
די זון האָט אונדז, — ליכטיקע, פרײַע,
אויף גליאיקע זאַמדן באַגלייט.

געטאַנצט האָבן פּאַלמעס אַנטקעגן,
געטאַנצט פאַר די יידישע קנעכט,
וואָס האָבן מיט זיי זיך געזעגנט
און אויך מיט די פינצטערע נעכט.

האָבן געקוקט פיראַמידן
פאַרגליווערט אין אייביקער שרעק,
געקוקט ווי עס גייען די יידן
באַפרײַטע אין מדבר אַוועק.

אויף הייסע און זאַמדיקע וועגן
געשפּאַנט האָבן מיר אין געאַייל,
איז גאָט אונדז געקומען אַנטקעגן
געהילט אין אַ וואָלקן זײַל.

---

אין אייביקע אַלטע הגדות
זינגען איצט אייניקלעך פרײַע,
הלל־געזאַנגען און אָדעס,
וועגן יציאַת מצרים.

# אליהו הנבֿיא און דאָס קינד



קינד:

אליהו הנבֿיא, זאָג מיר פֿאַר וואָס
טרינקסטו ניט אויס דעם ווײַן פֿונעם כּוס?
איך ווייס, דו ביסט דאָ און איך קען דיך ניט זען;
פֿול איז געבליבן דער כּוס ווי געווען.

אליהו הנבֿיא:

ס'איז פֿריילעך אין הויז ווען איך קום אַרײַן,
טרינק איך נאָר אויס די פֿרייד פֿון דעם ווײַן;
גיי איך אַרויס און דאַנק שטילערהייט;
זיס איז דער ווײַן, אָבער זיסער — די פֿרייד.

קינד:

אליהו הנבֿיא, ווי קען עס דען זײַן,
— דו זאָלסט אין דער זעלבער מינוט גלײַך אַרײַן
אין יעטוועדן הויז וואו אַ סדר איז דאָ
אין דער זעלביקער צײַט, אין דער זעלביקער שעה?

אליהו הנבֿיא:

יעדער קען זען מיך, יעדער וואָס וויל,
ווען איך קום אַרײַן אין הויז אין דער שטיל;
איך קום אַרײַן ווען דו בענקסט און דו וואַרטסט;
ווײַל ווײַטער פֿון אויגן קען זען דאָס האַרץ.



# דער לעצטער פון געטאָ

ס׳ברענען די הײַזער אין װאַרשעװער געטאָ
װאו ס׳װאַרטן נאָך ײדן צװישן די װענט,
נאָר ניט אויף אַ נס מער און ניט אויף אַ רעטונג,
זײ װאַרטן צו שטאַרבן מיט װאָפן אין הענט.

זײ װאַרטן מיט אויגן װאָס גליען און שטראַלן
און ס׳קלאַפּן די הערצער מיט ליד: „אַני מאַמין...״
איך גלײב און איך גלײב אַז ס׳איז נאָך ניט פֿאַרפֿאַלן
אַפֿילו װען ס׳שטײען די הײַזער אין פֿלאַמען.

ס׳גיט אַנילעװיטש אַרוים נאָך באַפעלן
צו לעצטע גיבורים, װי ליכטער װאָס צאַנקען;
פליען פון לעכער, פענצטער שראַפּנעלן,
ס׳ברענען אין גאַסן געפאַנצערטע טאַנקען.

הויך אויפן דאַך האָט אַ גיבור געקלעטערט,
געהילט מיט אַ בלױ־װײַסער פאָן אינעם פלאַם,
אַזוי איז געפאַלן דער לעצטער פון געטאָ
אויף קידוש השם און אויף קידוש העם.

# פּאַרטיזאַנער

שלאָפן נאָך דאָרפישע כאַטעס,[1]
ס'בילן די הינט אין די פעלדער,
יידן מיט פעק און מיט שמאַטעס[2]
לויפן אַרײַן אין די וועלדער.

שטיל ווי די גראָזן און בלעטער
אויף פוילישע לאָנקעס[3] און לאַנען,[4]
אַוועק זענען יידן פון געטאָ —
אויף לעבן, אויף טויט — פּאַרטיזאַנער.

צו לעבן מיט ווילדע געוויקסן,[5]
און וואַרטן אויף סוף פון מלחמה,
אַרויסגיין פון וועלדער מיט ביקסן
צו צאָלן פאַר טויט מיט נקמה.[6]

פאַר לעבנס — אַ חשבון[7] צו מאָנען,
נישט לאָזן זיי רואיקע שלאָפן,
מיר קומען די רוצחים דערמאָנען,
אַז ס'לעבן נאָך יידן מיט וואָפן.[8]

שלאָפן נאָך דאָרפישע[9] כאַטעס,
ס'בילן די הינט אין די פעלדער,
יידן מיט ביקס און גראַנאַטן[10]
קריכן[11] אַרויס פון די וועלדער.

חנן קיעל

# אין וואַלד פון די קדושים

(אין ארץ־ישראל ווערט געפלאַנצט אַ וואַלד אין
אָנדענק פון די 6 מיליאָן אומגעקומענע יידן)

טו אויס די שיך און שטעל זיך אָפּ,
שטיל איין דיין האַרץ און בייג דיין קאָפּ,
שטיל איין דיין האַרץ און רעד קיין וואָרט
ווייל הייליק, הייליק, איז דאָס אָרט.
יעדער בוים איז אַ סימבאָל
פון דעם געפייניקטן אַמאָל.
און יעדער צווייג וואָס וואַקסט און בליט
איז ווי אַ בליענדיקער ייד.
און די יונגע גרינע בלעטער
זיינען קינדער פונעם געטאָ.
בלעטער ציטערן און רוישן
אין דעם וואַלד פון די קדושים,
ביימער, ביימער, וואָס דערמאָנען
אומגעקומענע מיליאָנען.

דאָס האַרץ איז הייס און אָנגעגליט,
גייען מיר מיט שטילע טריט;
גייען אַלע, יונג און אַלט
טיפער, טיפער אין דעם וואַלד.
ס׳גרינען שוין די פרישע בייטן,
גיי און זוך אין אַלע זייטן.
אפשר אין די בייטן גרינע
וועסטו עמעצן געפינען.
וועסטו עמעצן דערהערן
און דערקענען יענע טרערן...
בלעטער וויינען אין דעם ווינט,
זאָגן קדיש נאָך אַ קינד.
לאָמיר אַלע תפילה טאָן
אין דעם וואַלד פון זעקס מיליאָן.

# אַ קראַנץ שבועות־לידער

## באַרג סיני

ליכטיק איז דער סיני־באַרג מיט קינדער אַלערליי,
קינדער פון דער גאַנצער וועלט טאַנצן אין געדריי
און אויבן זינגט אַראָפּ אַ קינדער־שטים:
שלום, חברים! שלום, חברים!

## לוחות

וואו זײַנען זיי, די לוחות, מיט די צען געבאָט
וואָס מיט פײַער אויסגעקריצט האָט גאָט?
האָט ווער זיי נאָך אין זינען?
לאָמיר זיי זוכן און פרואוון געפינען.

## רות און בועז

רות גייט נאָך די ברוינע שניטער,
קלײַבט די זאַנגען שטיל;
בועז שפּילט אַ ליבע־לידל
אויפן הילצערן חליל.

## דוד בן ישי

ראָזשינקעס מיט מאַנדלען, פרישע בינטן מירע —
דאָס פּאַסטעכל בן ישי שפּילט אויף זײַן לירע.
אויפן גרינעם פעלד הויערן די שאָף,
דאָס פּאַסטעכל בן ישי וויגט זיי אײַן אין שלאָף.

## עולי רגל

פּאַלמעס — שלאַנק און הויך וואַקסן איבער מויערן,
מיט בכורים־קוישן קומען שוין די פּויערים;
פּאַלמעס שלאַנק און הויך ווינטשן זיך — לחיים,
עולי רגל קומען קיין ירושלים!

# אונדזער נייע היים

מיין טאָכטער רחל צו איר גראַדואירן די שלום עליכם פאָלקשול 19

אַמעריקע, מיין נייע היים,
ענטפער מיר, אָ זאָג מיר אָפן:
קענסטו זיין ווי אַ געטרייע מאַמע
פאַר מיין קינד,
וואָס איז מיט מיר פון טרערן לאַנד
אַוועק
אין שרעק,
דורך נאַכט,
פאַרוויסטעניש און ווינט?
איך האָב פון דיר געטראַכט
אין יענע טעג...
איצט בין איך צו דיין פרייען ברעג געלאָפן
און האָב צו דיר געבראַכט
מיין קליין געראַטעוועט פאַרמעג:
אַ יידיש קינד, וואָס וויל נאָך טאָן אַ לאַך;
— אַ יידיש האַרץ וואָס קלאַפּט מיט שטילן האָפן.

אַמעריקע, מיין נאָענט וויט-לאַנד,
קענסטו געבן מיר דיין האַנט
און קוקן נאָך מיט אויגן
ליכטיקע און צאַרטע;
ביסטו ווערט צו זיין די איינציקע,
געגאַרטע נייע היים
פאַרן פליט פון געיאָגטן שטאַם?
טליעט כאָטש אַ פונק נאָך
פון דיין גרויסן פלאַם?
וויפל היימען
האָבן אונדזער ליבע שוין פאַרשוועכט,
און איך גלויב נאָך אַלץ
אַז אפשר דו, די איינציקע
וועסט זיין צו מיר גערעכט.
טו איך תפילה
מיט אימה און מיט ציטער;
דו ביסט געוואָרן איצט
מיין קינדס באַהיטער.
ס'איז אונדזער צוטרוי, הייליקער —
— אַ פאַקעל אין דער נאַכט;
מיר ווילן בלויז אַ ביסל רו
און אַ פריינטלעך-שטילן דאַך.

# קעמפּ־לידער

1. סקאָצל קומט

גרינע פעלדער, פרישע בלומען,
קינדער זײַנען אָנגעקומען.
מיט געזאַנג, זיי זײַנען דאָ
אין אַ מזלדיקער שעה.
זינגען פײגעלעך אין נעסט
ברוך־הבא — שיינע געסט!
אַ בוים דערלאַנגט זײַן גרינע האַנט
סקאָצל קומט אין קינדערלאַנד.

2. דער טײַך

אויפֿן טײַך, גרויס און ברייט
שווימט אַ חלום שטילערהייט.
שפּיגלט זיך — גאָלד און גרין,
אויף אַ בלעטל טאַנצט אַ בין.
אַ פלאַטערל, ווי אַ מאַגנאַט
שיפּט זיך אויף אַ גרויסן בלאַט.
ערגעץ קרייט דער אויער־האָן
קומט דער קינדער־שבת אָן.
מיט געשריי און שווימערײַ
שרײַען קינדער הויך און פרײַ

— — — — — — — — — —

שלום עליכם אײַך, רב טײַך!

3. אין עס-צימער

זיצן קינדער אין געדראַנג,
עסן קאַשע מיט געזאַנג.
קוקט אַ ווילדע בלום אַרײַן,
שמעקט די לופט ווי זיסער ווײַן.
ברויט מיט מילך,
און ברויט מיט ליד...
אַ גוטן אַפּעטיט!

4. שפּילערײַ

קינדער שפּילן זיך אין פעלד
שפּילט זיך מיט די גאַנצע וועלט.
פאַלן זיי אַוועק אין גראָז,
גאַפט אַ תמעוואַטער האָז,
זיצן קינדער זאַלבענאַנד,
וואונדער־וואונדערלאַנד.
זינגען קינדער גרויס און קליין
קינדערלאַנד איז מלא־חן.

# קלעזמאָרים

יידל מיטן פידל, שמערל מיטן באַס,
לויפן זיך צוזאַמען יידן אויפן גאַס.

וואָס איז דאָס געפּיל, און וואָס איז דאָס געלויף?
יידישע קלעזמאָרים שפּילן אויפן הויף.

שפּילט אַזוי די פידל אַז דאָס האַרץ צעגייט,
ברומט דער באַס אַ מידער מיט דער קליינער פלייט.

פּויקט דאָס פּייַקל פריילעך, וויגט דער הויף זיך מיט;
וויגן זיך די קינדער, — זינגען מיט דאָס ליד.

ווייסן ניט די קינדער וואָס דאָס לידל מיינט,
און פאַרוואָס די פידל קלאָגט אַזוי און וויינט.

און פאַרוואָס אַ מידער ברומט דער גרויסער באַס;
אויף וועמען איז ער ברוגז, און אַזוי אין כעס?

וואָס־זשע מיינט דאָס פּייַפן פון דער קליינער פלייט;
און וואָס פּויקט דאָס פּייַקל מיט אַזויפיל פרייד?

ווייסן ניט די קינדער, נאָר זיי זינגען מיט,
ווען קלעזמאָרים זינגען אונדזער יידיש ליד,

ווען קלעזמאָרים שפּילן פריילעך אויף דער גאַס:
יידל מיטן פידל, שמערל מיטן באַס.

# דער שניימענטש און די זון

ווײַסער שניי אין מיטן גאַס
ליגט אַזוי זיך פּוסט און פּאַס;
נעם איך מיר איינס און צוויי
און מאַך אַ מענטש פון ווײַסן שניי.
שניי, שניי אָן אַ שיעור,
וואַקסט אַ גולם, אַ גביר.
אויגן האָט ער שוואַרץ ווי קויל,
אַ ציגאַר האַלט ער אין מויל;
אַ געלעכערטן צילינדער
האָבן אים געשענקט די קינדער.
שניי, שניי אָן אַ שיעור, —
אַן אויפגעקומענער גביר.
שטייט און רירט זיך ניט פון אָרט,
רעדט מיט קיינעם ניט קיין וואָרט.

ווײַס איז אים די גאַנצע וועלט,
לאַכט דער גולם און ער קוועלט:
— זאָל נאָר שנייען מער און מער
ווער איך באַלד אַ מיליאָנער.
גיב מיר קעלט און גיב מיר פראָסט,
הײַנט בין איך דער באַלעבאָס.
שניי און שניי פון אַלע זײַטן,
כאַ, כאַ, כאַ, גוטע צײַטן. —
נאָר דאָרט אויבן, ערגעץ וואו
גיט די זון אים ניט קיין רו.
קומט די זון אַרויס אין גאַס
ווערט אים היים און ס'ווערט אים נאַס,
ער מאַכט אַ ווײנענדיקע מינע
און ער ווערט באַלד צערינען...

## גוט שבת

פון חנן קיעל

די פרינצעסין שבת גייט
אָנגעטאָן אין ווייסן קלייד.

אָן אַ קרוין און אָן אַ טראָן
קומט די שיינע מלכה אָן.

שטילער ווערט אין אונזער גאַס
וואַרט איך אויפן ליבן גאַסט.

נעם איך אָן איר צאַרטע האַנט
גיין מיר אין שבת לאַנד.

ווייסע ליכט און קידוש וויין
מלכה שבת, קום אַריין.

לאָמיר זיי באַגריסן אַלע —
לכה דודי לקראת כלה.

## גוט־וואָך

ווען דער הימל לעשט זיך אויס
גייען מידע טעג אַרויס.

גרויע וואָכעדיקע טעג
אין אַ ווײַטן, ווײַטן וועג.

דרימלען, שלאָפן ערגעץ וואו,
חלומען אין שטילער רו —

פון אַ האַמער, פון אַ זעג
ביז דער שבת גייט אַוועק.

קומען זיי, די טעג, צוריק
אַרבעט איז דאָך פרייד און גליק.

פרייד און גליק און ניט קיין יאָך
איז די ליבע גוטע וואָך.

# חלום־לאַנד

תנ״ך־מאָטיוון

משה שטייט אויפֿן באַרג נבו
און קוקט אין אַלע זייטן,
זיין חלום־לאַנד ער זעט גענוי,
זיין לאַנד ער זעט פֿון ווייטן.

אַן אייביקער ער שטייט אַזוי
פֿון דעמאָלט ביז אַצינד,
ער זעט דאָס לאַנד פֿון גאָלד און בלוי
וואו מילך און האָניק רינט.

ער שטייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט
און זעט דעם ווייטן טאָל;
ווייַנע קינדער ער דערקענט
און בענטשט דאָס פֿאָלק ישראל.

# ים־המלח

זי שטייט אויפֿן פֿעלדז אַ פֿאַרגליווערט שטיק זאַלץ
און ס׳דרימלט איר קאָפּ אויפֿן ווייסן האַלדז.
דרימלט פֿאַרלאָזן אויף גאָטס באַראָט
אַ זאַלציקע מומיע — דאָס ווייב פֿון לוט.
איר סדום איז אַוועק אין פֿייער און פֿלאַם,
שטיל איז אַרום — אַ טויטער ים.

# למד וואָוו צדיקים

ערגעץ ווײַט און ערגעץ וואו,
אין דעם לאַנד פון סוד און רו,
חלומען אין מידן שלאָף
גוטע יידן — למד וואָוו.

יואַסערטרעגער זײַנען זיי,
שלעפּן זיך מיט קאַנען צוויי,
אין די ווינטערדיקע טעג
ביז זיי פאַלן מיד אַוועק.

קומען זיי בײַנאַכט אַהיים
אין אַ שטיבעלע פון ליים;
עסן ברויט ווען גאָט באַשערט,
שלאָפן אויף דער האַרטער ערד.

למד וואָוו צדיקים שטילע
קלאָגן זיי זיך ניט אפילו;
דאַנקען גאָט פאַר יעדער שעה
און פאַר אַלץ וואָס איז נאָך דאָ.

פאַר דער פרייד און פאַר די טרערן,
פאַר די קליינע ווײַטע שטערן,
פאַר'ן טרויער, פאַר דער מי,
און פאַר יעדן אינדערפרי.

און צוליב די למד וואָוו
פּאַשען זיך אין פעלד די שאָף,
וואַקסן ביימער און זיי בליען,
און די ווײַסע טויבן פליען.

און צוליב די למד וואָוו
קען מען חלומען אין שלאָף;
און אין זכות פון זייערע טרערן
וועט די וועלט ניט חרוב ווערן.

# אליהו הנביא

אויפן כרמל־באַרג, אויבן
וואַקסן גרינע־רויטע טרויבן.
ערגעץ אין אַ הייל, באַהאַלטן
שלאָפט אַ סאָווע דאָרט, אַן אַלטע.



זאָג מיר פויגל, אַלטע סאָווע,
וואו געלעבט האָט אונדזער נביא?
ישוט זיך סאָווע אַ צעלאַך:
ער לעבט ביז היינט נאָך אין תנ"ך.

# די יידישע שול

די יידישע שול פאַרן יידישן קינד —
אַזוי ווי אַ ליכטל אַ קליינס וואָס מען צינדט;
ווערט ליכטיק אַרום און דאָס האַרץ ווערט דערפרייט,
דאָס קינד ווערט אַ גאָלדענע רינג אין דער קייט.

די יידישע שול איז אַ שליסל [1] פון גאָלד
זי עפנט די טיר צו אַ וועלט פון אַמאָל,
אַ וועלט פון געזאַנג, פון געבעט און פון טרערן,
פון זיידעס וואָס ציילן די זילבערנע שטערן.

די יידישע שול איז אַ שומר [2] וואָס היט
דעם גאָלדענעם ניגון [3] וואָס ציט זיך און ציט;
ווען ס'זינגען די אותיות [4] אַראָפּ פון דער וואַנט,
ווערט וואַרעם בײַ אונדז אין דעם אלף־בית־לאַנד.

די יידישע שול איז אַ גאָלדענע בריק
וואָס פירט פון דער פרעמד, פון דער ווײַט דיך צוריק,
און ס'נעמען דיך האַרציק אַרום די פיר ווענט
אַזוי ווי זיי וואָלטן אַ חבר דערקענט.

# אַ בריוו פון אַ טויב

איך שרייב דיר פון דער גרויסער שטאָט,
אַז כ'בין געזונט, אַ דאַנק גאָט.
איך קען שוין פליען אין אַ קרייז,
און ווייס אויך ווי צו זוכן שפּייז.
איך האָב אַליין מיר אויפגעניית
פון ווייסע פעדערן אַ קלייד.
דאָס לעבן איז דאָ רייך און שיין,
און קיינער איז דאָ ניט אַליין.

עס איז פאַר יעדער טויב דאָ פּלאַץ,
און יעדער הויז איז אַ פּאַלאַץ.
און אַז דו בענקסט אַזוי נאָך מיר
איז דאָ אָרט גענוג פאַר דיר.
נאָר געליבטע, ניט פאַרגעס,
אַז יוניאָן סקווער איז מיין אַדרעס,
און דאָס הויז וואו טויבן רוען
איז די לינקאָלן סטאַטוע...



# אין קענעדי שלום־וואַלד

גרינע פעלדער, ווײַסע בלומען,
זײַנען קינדער אָנגעקומען,

און געפלאַנצט מיט צאַרטע הענט
אַ בוים אין וואַלד פון פרעזידענט.

וואַקסט דער בוים אין שטילער רו,
קומען נײַעביימער צו.

וועלן נײַע ביימער בליען
אין דעם לאַנד פון די נביאים.

ביימער, ביימער — אַ משפחה
זכר קענעדי לברכה.

# די וועלט איז שיין

די וועלט איז שיין און גוט און העל
מיט מענטשן, ווײַס און שוואַרץ און געל.

א שוואַרץ קינד לאַכט, אַ ווײַס קינד לאַכט,
נאָר האַס איז מיאוס און בלינד ווי נאַכט.

שוואַרץ האָט ליב און ליב האָט ווײַס,
נאָר האַס איז פרעמד און קאַלט ווי אײַז.

די וועלט איז שיין אין אַלע פאַרבן
און האַס וועט מוזן, מוזן שטאַרבן.

## אַ חתונה

מחותנים - בלימעלעך פֿלעכטן זיך אַ קרענצל
פֿלאַטערן פֿלאַטערלעך אין פֿעלד אַ ברוגז-טאַנצל
בינען ווי קלעזמאָרים שפּילן מיטן ווינט
חתן-כּלה רויזן האָבן חתונה אַצינד



## סקאָצל קומט

מיט בוקעטן וואַרטן קינדער אויף דער גאַס
פֿרילינג איז געקומען, סקאָצל קומט אַ גאַסט
מיט בוקעטן בלומען זינגען קינדער גרייט
טאַנצן דיר אַקעגן מיט יום-טובֿדיקער פֿרייד



## סערענאַדע

ווער זינגט עס אין דער פֿרי געזאַנגען אַלערליי
צו זײַן שײנער ווי זינגט דער סאָלאָוויי
צו זײַן שײנער ווי בענקט ער דאָך אַזוי
זינגט ער אין דער פֿרי אַ פֿרילינג-סערענאַדע



## אַ גוטע נאַכט

אין די ווייסע בײדלעך שלאָפֿן קינדער אײַן
וויגט זיך שטיל אין טײַך די לבֿנה-שײַן
בלויער חלום אויפֿן באַרג א מידער וואַכט
שלום, שלום קינדערוועלט, אַ גוטע נאַכט

# ה׳ אייר



איָיר, ה׳ איָיר,
יסט פרייד אָן אַ שיעור!
נדערטער יאָרן איך וואַרט שוין אויף
דיר:
ין וואַלד אין אַ בונקער,
ין פייער אַפילו –
אָב איך דיך געזען אין מיין ליד,
אין מיין תפילה.

יידן פון געטאָ,
יידן אָן היימען,
יידן פון פוילן,
מאַראָקאָ און תימן.
פון מזרח, פון מערב,
פון צפון, פון דרום –
דו האָסט זיי געבראַכט
עַל כַּנְפֵי נְשָׁרִים.

~

אייר, ה׳ אייר,
יך האָב נאָך פון פריער
עזען דיין אויפקום מיט בלוט און מיט
שיר;
ין חלום פון יידיש-צעאַקערטער ערד
יסטו אונדז ה׳ אייר געוואָרן באַשערט.

~

ה׳ אייר, ה׳ אייר,
ביסט פרייד אָן א שיעור;
ווען ס׳זייבען חלוצים
געקומען צו דיר,
דיין מדבר צעוויגן
מיט גאָלדענעם קאָרן –
איז מדבר אַ היים
און מדינה געוואָרן.

יידן פון געטאָ,
יידן אָן היימען,
יידן פון פוילן,
מאַראָקאָ און תימן;
– באַהיט זייער היים
אין דעם באַרג, אין דעם טאָל
שומר ישראל!
שומר ישראל!

ידן פון געטאָ
ידן אָן היימען,
ידן פון פוילן,
אָראָקאָ און תימן;
ו האָסט זיי געבראַכט
ון דער פרעמד,
ון דער נאַכט,
ון באַגריסט מיט א היים,
יט א יידישן דאך.



# IN ALE FARBN

## POEMS

*by*

CHANAN KIEL


איך דאַנק מײַנע פֿרײַנד, די קולטור-טוער
חבר און חברה פּריזענט פֿון פּיטסבורג, פּאַ.
פֿאַרן אַרויסגעבן די זאַמלונג פֿון מײַנע לידער
חנן קיעל

*I thank my friends, the lovers of Yiddish Culture, Saul and Fannie Prizent of Pittsburgh, Pa. for their generous act of kindness in publishing this collection of my poems for children.*

Chanan Kiel


 PRIZENT PRINTING CO. – PITTSBURGH, PA. 15233